דעם חבר
לייזער שאָדין
א מתּנה
מ. א. סול
ניו יאָרק

מ. א. סול

# דאָס ליכט אַף מיין גאַס

צייכנונגען פון ל. בוטין

פאַרלאַג „סיגנאַל" באַם פראָלעטפען,
ניו יאָרק, 1935

# דאָס ליכט אַף מײַן גאַס

פאַר װעמעס גאַס
די נאַכט איז אַ װילדע אָרגיע
פון פרויען,
װײַן
און לידער.
פאַר מײַן גאַס
איז די נאַכט אַביסל רו
פאַר האָרעפּאַשנע גלידער.

אַ גאַנצן טאָג איז:
„שנעלער!"
„ריר זיך!"
„גיכער!"
„גיך!"

ערשט באַם ביסל װעטשערע, מ'שטײנס געזאָגט,
לײגט מען אַװעק פאַר אַ װײל דעם יאָך־פּאַק, װאָס מ'טראָגט
אַ גאַנצן טאָג אַף זיך.
דערנאָכדעם נעמט מען די װעלט אַף דעם שויס
און מען בלעטערט זי איבער:
„דער נײַער פּרעזידענט איז אונדזער גרויסער רעטער;
„רודי װאַלי, זאָגט מען, האַלט זיך שוין באַם געטן;
„נאָך אַ פליער איז דעם יאַם אַריבער".

די מידקייט גענעצט זיך אויס
און די אויגן ווערן ביסלעכווייז פֿאַרלאָפֿן.
די צייטונג גליטשט זיך פֿון די הענט אַרויס,
טוט מען נאָך א י י ן  ל אַ נ ג ן  ג ע נ ע ץ
און מ׳לייגט זיך שלאָפֿן.
פֿונעם זייגער קאַפּען פֿאַרגליווערטע טיק־טאַק טראָפּנס;
דער מאָרגן שטייט באַם בעט ווי אַ געשפּענסט צוקאָפּנס.

נאָר גאָר פֿאַרפֿרי,
ווען פּוסט־און־פּאַסנע פֿאַראַזיטן־זינדלעך
זיגזאַגעווען זיך שיקערע אַהיים
און גרעבצן דעם פֿרימאָרגן אין פּאָנים אַריין
דעם פֿוילן אָרגיע־געשטאַנק, —
וועקט זיך אויף מיין גאַס די האָרעפּאַשנע מי,
און לאָזט דעם טאָג אין גאַנג.

דער טאָג אַף מיין גאַס
קומט ניט אָן אַזוי ראָזעווע־צאַרט,
אַזוי ציטערדיק־בלאַס,
ווי עס באַשרייבן אים בירגערלעכע פּאָעטן.
דער טאָג אַף מיין גאַס
קומט אָן, ווי אַ רויבער אין קאַס,
און שליידערט פֿון די בעטן.
בליצן פֿענצטער אויף אין שרעק
און הייזער גיבן זיך סיגנאַלן:
— דער טאָג איז באַפֿאַלן!
— דער טאָג איז באַפֿאַלן!
דערנאָכדעם נעמט מען לויפֿן —
ווער מיט אַ שפּייז־קעסטל אין האַנט,
און ווער צו שטעלן זיך דער ערשטער באַ דער וואַנט
די הענט פֿאַרקויפֿן.

נאָר איינמאָל אין דער וואָך
איז ליכטיק אַף מיין גאַס ביז שפּעט באַנאַכט:
פון אַלע שלאָפנדיקע פענצטער
איז אַ פענצטערל וואַך.
אין אַ בוידעם־שטיבל אַפן לעצטן גאָרן אין אַ הויף
קומען מיר, אַ גרופּע פּראָלעטאַריער, זיך צונויף.
עמעס,
מ׳זיצט באַ אַ טונקעלן ליכטל,
נאָר ווען אַרט עס,
אַז זיצן זיצט אַ קעמערל פון דער פּאַרטיי,
וואָס קערעוועט צו העלקייט די געשיכטע.
עמעס,
ניט איינמאָל ציפּט די קעלט;
זיצט מען איינעם מאַנטל מיטן קאָלנער אויפגעשטעלט.
נאָר ווען אַרט עס,
אַז זיצן זיצט אַ קעמערל פון דער פּאַרטיי,
וואָס צעהייצט די גאַנצע וועלט,
און רעדן רעדן מיר דאָרט פּאַשעט און קאָנקרעט:
— כאַווער, אייער פּאַראַכטאָגיקע אַקטיוויטעט —
— כאַווירים, כ׳בין געוועזן דאָרט און דאָרט
און אַדורכגעקוקעוועסט ס׳הויז.
פאַר אַסאַך פון זיי איז פרעמדלעך אונדזער וואָרט,
כאָטש זיי זיינען פּראָלעטאַריער דורכאויס.
די בירגערלעכע פּרעסע ליגט אַף זיי נאָך ווי אַ הויקער,
און נאָך דער אַרבעט בלייבט מען שוין אין שטוב.
כ׳האָב איבערגעלאָזן
דאָ אַ „פריייהייט״, דאָרט אַ „דעילי וואָרקער״
און געמאַכט אַ קאָנטאַקט פאַרן קלוב.

אוּן אַזוי אַ כאַוועד נאָך אַ כאַוועד:
ווער עס ברענגט אַ שטוב און ווער עס ברענגט אַ גאַנצע הויז צופירן.
שטייט מיין גאַס פאַרן קעמערל מיט אָפענע טירן.
דערנאָכדעם זאָגט דער אָרגאַנייזער פּאָשעט און קאָנקרעט:
— כאַווירים, קומענדיקע וואָכס אַקטיוויטעט — — — —
און מיין קעמערל צעטראָגט איבער די הייזער
דאָס ליכט פון מיין גאַס,
דאָס ליכט פון מיין קלאַס.

## „עפנט אויף — דאָס זיינען מיר"

דאָס ברויט־קעסטל פּוסט.
דאָס שטוב־לעמפּל טויט.
אַ זויגלינג בייסט פאַר קאַס דער מאַמעס ברוסט.
די מאַמע שלאָגט מיט הייסן טרערן־שטראָם צוריק
און כאַפּט צום גאַז־רער אַלע וויל אַ בליק. — — — — —

ס׳דאַכט זיך:
די סטעליע, די ווענט און דער דיל —
אַלע ציילן זיי די שאָען אין דער שטיל
און וואָרענען און זאָגן:
„נאָך היינט.
„נאָך היינט וועט איר דאָ נעכטיקן
„און באַלד ווי ס׳וועט נאָר טאָגן" — — — — —

און יעדער קלאַפּ אין טיר,
און יעדער קליאַמקע־ריר
וואַרפט אָן די שרעק פאַר דרויסנדיקער „היים" —
פאַר בושע און פאַר שאַנד.
לאָזט מען ניט אַריין,
מען עפנט בלויז אַ שפּעלטעלע
מיט ציטערדיקער האַנט.

— האַ? אַ דאַנק, אַ דאַנק. מיר דאַרפן ניט,
מיר האָבן שוין געקויפט!

נאָר ס'טרעפט שוין אָפט:
אַ קלאַפּ אין טיר:
—וועד איז דאָרט?
— עפנט אויף, דאָס זיינען מיר,
אַרבעטער אַזוי ווי איר.

אַ ווײַלע שטיל.
דאָס האַרץ אַנטלויפט פאַר שרעק.
די פיס ווי צוגעשמידט צום דיל.
און ס'שלאָגן זיך געדאַנקען צוויי אין קאָפּ:
— עפענען, צי ניין? —
נאָר דאָרטן טרעט מען שוין ניט אָפּ:
—לאָזט אַריין.
דאָס זיינען מיר —
אַרבעטער אַזוי ווי איר.

עפנט מען אַ שפּעלטעלע
פאַרזיכטיק און קאַלט;
ענטפערט אָפּ אַ פּאָנים —
אַ כאַוועריש צעשטראַלטס.

בעט אַ כאַווערס בליק:
— ניט פאַרשטעלט דעם וועג.
קומט דאָס האַרץ צוריק
און ס'אַנטלויפט די שרעק.

גיט מען שוין אַ שטול.
זעצט מען זיך אַוועק.

און אויגן קעמען דורך דאָס ביסל אָרעמקייט,
ווי ס'קעמט די נאַכט אַ ליכט־פּראָזשעקטאָר.
— פון אַרבעטלאָזן קאַנסל קומען מיר אַהער.
ווי האַלט עס דאָ מיט ברויט ?
אַרבעט ווער ?
און קריגט איר כאָטש דאָס ביסל הונגער־הילף אין צייט ?
צי וואַרט איר ביז ס'וועט קומען דער אינספּעקטאָר ?

און ווערטער זוניקע און אָפענע און פּראָסטע,
און ווערטער, אָנגעגאָלט מיט סינע און מיט האַס,
עפענען אַ האַרץ אַ לאַנג־פאַרשלאָסנס,
ווי מ'עפנט אַ פאַרריגלט פענצטער צו דער גאַס.

אַ לעבן־לאַנג געוועזן זיך פרעמד,
זיך קיינמאָל ניט באַגעגנט, —
און אָט :
מען ווערט זיך אייגן ווי אַן אייגן העמד,
און מען טרינקט אַ יעדעס וואָרט,
ווי אַ דורשטיק פעלד אַ לאַנג־געגאַרטן רעגן.

טעג און וואָכן קומען אָן,
ווי וואָלקנס פון אַ ווינט צונויפגעטריבן.
אַסאַך, אַסאַך האָט אָפן האַרץ זיך אָנגעקליבן.
רעדט מען זיך אַראָפּ פון האַרצן :
— ווי לאַנג,
ווי לאַנג איז נאָך דער שיר אַ לעבן אָפּצושוואַרצן ?

און ווערטער זוניקע און אָפענע און פּראָסטע,
און ווערטער אָנגעגאָלט מיט סינע און מיט האַס
קלאָרן אויס דעם זינען,
ווי ס'קלאָרט דער נייער טאָג זיך אינעם ליכטיקן באַגינען.

— ברידער פון אַ קלאַס מוזן זיין איניינעם.
— נו, פאַרגעסט ניט דעם אַדרעס פון אונדזער גאַס.
— אַ גוטן טאָג.
— מ׳דאַרף נאָך גיין אַ רעד טאָן מיט די שכיינים.

## „עוויקשאָן"

1

דו האָסט מיט דיינע האַרעפּאַשנע הענט
גענראָבן ערד,
געקנאָטן ליים,
געלייגט דעם דאַך,
געשטעלט די ווענט
און אויפגעבויט דאָס הויז. —

און איצט,
ווען ס'האָט די נויט דעם הונגער־שטריק פאַרוואָרפן
אויף דיין האַלדז,
און שטיקט,
און שטיקט,
איז היידאַ! אַף דער הוילער גאַס אַרויס
מיט ווייב,
מיט קינד,
מיט אַלץ,
ווי אַ נעכטיקע צייטונג אַפן ווינט.

אַף דער וואַנט וואו ס'האָט געהאַנגען אַ פּאָרטרעט,
וועבט די שפּין פאַר זיך אַ פּאַלאַץ אויס.
אַפן אָרט, וואו ס'איז געשטאַנען דיינס אַ בעט,
שטריקט דער דיל פון שטויב אַ טעפּיך אויס,
פלעכט די זון פון שטויב־זיילן אַ קראַנץ,
גייט די פּוסטקייט מיט די וואַנט־שאָטנס אַ טאַנץ,
לויפט אַרום פון וואַנט צו וואַנט
דאָס שפּיזיקע געוואַי פון בלודנע קעץ.

נאָר דו,
מיט ווייב,
מיט קינד,
אַף הוילער גאַס, —
אַזוי איז פאַרשריבן אין בוך פון געזעץ.

ווי ס'קוקט אַ קרעמער אַרויס אַף אַ קוינע,
קוקן הייזער זיך די אויגן אויס
מען זאָל קומען זיי באַוואוינען.
שרייען פענצטער זיך די העלדזער אויס:
To Let
To Let
**Hey, To Let!**
נאָר דו, מיט ווייב, מיט קינד,
אַף הוילער גאַס,
אין קעלט,
אין ווינט,
אין נעץ, —
אַזוי איז פאַרשריבן אין בוך פון געזעץ.

2

נאָר אונדז האָט די נויט געלערנט ברעכן אייזן,
אַפילע ווען ס'איז אייזן פון געזעץ־האַמער געשמידט
און ס'טראָגן קאַמפן איבער גאַסן זיך ווי פלאַמען,
און יעדע גאַס איז איצט אַ פעסל דינאַמיט.

„עוויקשאָן" איז ניט מער קיין שטומער וואונדער,
וואָס מע לויפט באַקוקן ווי אין אַ טעאַטער.
ס'איז אַ ברענענדיקע וואונד אַף אַרבעטער־גאַסן,
וואָס רעדט, און יעדעס פיצל איז אַן אַגיטאַטאָר:

דו —
וואָס שטייסט באַם פענצטער
און פאַרשפּילסט די אַרבעטסלאָזע הענט
מיט אַ שטיקל פאַרהאַנג ;
דו —
וואָס טאַנצסט אַרום באַם ראָג
מיט אַ שאַכטל ראַזיר־מעסערלעך
און שרייסט דיר אויס די לונגען ;
דו —
וואָס לויפסט אין איילעניש פאַרביי
אָפּצוקלאַפּן וואו די שוועל
פון אַ טויטער פאַבריק ;
דו —
שניי־קערער, פאַרפרוירענער,
וואָס ווערסט דעם טאָג אַ סוינע
ווייל ער פירט די זון אַרויס, —
הער אויס !

עס רעדט צו דיר
דיין טיש,
דיין בעט,
דיין אייגן ביסל אָרימקייט :
עס רוקט זיך נעענטער צו דיין טיר
דער שאָטן פון אַרויסשטעלער,
ער גייט,
ער גייט
פון הויז צו הויז,
ער לאָזט ניט אויס.
אָט קלאַפּט ער אָן שוין אין דיין טיר :
„אין נאָמען פון געזעץ — אַ ר ו י ס !"

3

אין גאַס איז שטיל
און ס׳קוקט דער צאָרן דורך די פענצטער,
ווי אַ קויל אין ליופע
פאַרן ציל.
נאָר אָט מיר קומען אָן,
מיר פון הונגער־פלאַם צעברענטע,
מיר פון נויט־האַמער געשטאָלטע,
מיר פון שלאַכט־פייער פאַרברוינטע:
הייזער־בויער,
בריקן־בויער,
קוילן־גרעבער,
קליידער־מאַכער,
אייזן שמעלצער,
שאַפער פון דער וועלט—
און לויפן הייס פון הויז צו הויז,
און קלאַפּן אָן אין יעדער טיר,
און שרייען אויס:
**„אַן אַרבעטער אַרויסגעשטעלט!**
**אַן אַרבעטער אַרויסגעשטעלט!**
**קום שטעל אַריין צוריק!"**
און ס׳טוען הייזער זיך אַ ריר,
און ס׳טוט די גאַס זיך אַ צעברויז,
און ס׳טוט די גאַס זיך אַ צעוויג,
און אויף אַ טיש צי אויף אַ בעט,
ס׳שטייט שוין איינער און ער רעדט.
עס טוט אַ הילך שוין אַ פלאַקאַט:
NO WORK NO RENT!
און שוין גייט איבער וואָרט אין טאַט,
און ס׳טוען זיך אַ לאָז די הענט
צום טיש, צום בעט.

**מיט האַרטער פויסט דעם שלאָס אַ זעץ,**
**די טיר אַ פּראַל—און קריק אַריין.**
**ס׳האָט נויט אונדז אויסגעלערנט ברעכן קאַפּיטאַלס געזעץ.**

און אויב מען דאַרף —
דערלאַנגען אין די ציין!

**ס׳האָט נויט אונדז אויסגעלערנט ברעכן אייזערנע צאַמען,**
**און ס׳מערן זיך די מוטיקע צו גיין מיט אונדז אין קריג,**
**ביז מיר וועלן די אַרויסשטעלער אַרויסשטעלן.**
**מיר וועלן,**
**מיר וועלן!**



# פּראָספּעריטי כראָניק

1

הוראַ, דער בלויער פויגל! — אַ שלאָס אַף דער פאַבריק.
נויט אַף האַלדז פאַרצויגן, ווי אַ טאַליענס שטריק.

טראַנטעס אַף די לייבער, אין טראַנטעס דאָס געמיט,
כריפּענדיקע לונגען, שווינדזוכט און בראָנכיט.

באַגינענס ברענגען מיט מיט זיך פּאַר נייעם טאָג די שרעק.
האָפנונגען צעקריכן זיך ווי אַרבעטסלאָזע טעג.

2

לאַסט־באַנען פירן פולע וואַגאָנעס פּראַצע
צו די וואַסער־ברעגן.
טייכן קרעקן זיך מיט קאַווע און אַרבוזן;
לאָקאָמאָטיוון זייען גאַנצע פעלדער טוואָוע־רויך
איבער די וועגן.

די כאָכמע פון דערפינדער ליגט אין שופלאָדן פאַרשלאָסן, —
פרעסט דער מויל טונעלן, בריקן און מאַשינען —
ס'זיינען הענט דאָך ביליקער ווי כאָכמע.
זאָלן ז י י באַדינען.

קאָנווייערס שטייען שטום פאַרקלערט.
אַף מאַשינען וואַקסן גרויע שפּינוועבס־בערד.
בלויז אין טויט־פאַבריקן הודזשען די מאַשינען
פון באַגינען ביז באַגינען.

3

הונגער־מאַרשן ווישן אָפּ די גרענעצן פון שטעט
און ס'הילכט מיט לאָזונגען דאָס הונגעריקע מויל.
גרייט מען פיבערדיק —
אַ ביקס פאַר יעדער אַרבעטלאָזער האַנט,
פאַר יעדן צאָרנדיקן האַרץ — אַ קויל.

בייטן זיך די וואַכטעס,
רוען ניט מאַשינען.
הודזשען טויט־פאַבריקן —
פון באַגינען ביז באַגינען.

# פערציק טויזנט

דער אָפּערייטאָר טרייבט די מאַשין, ווען ער שטעפּט.
דער סטאָליער טרייבט דעם עקבער,
ווען ער דרילעוועט אַ קליאַמקע־לאָך אין טיר.
דער קולי איז אַליין דאָס פערד, וואָס שלעפּט
דאָס רעדלדיקע בענקל מיטן פּאַסאַזשיר.
דער טעקסי־דרייווער יאָגט מיט אימפּעט דורך די גאַסן די מאַשין —
און דער הונגער טרייבט זיי אַלע פיר.

און מ אַ ר ק ס האָט אַלע פיר געהאַט אין זינען,
ווען ר'האָט די וועלט אָף קלאַסנקאַמף געטייטשט:
איין קלאַס באַטרייבט דער וועלטס מאַשינען,
דער צווייטער האַלט אין האַנט די בייטש.

איז אַ וואָרט אַזאַ אין קלאַסנקאַמף פאַראַנען,
וואָס שטעלט דעם אָטעם אָפּ פון רוישיקע מאָטאָרן,
און האַלט די רעדער איין פון יאָגנדיקע באַנען: —
ס ט ר י י ק!

פערציק טויזנט דרייווער
פּיקעטן די שטאָט —
ס'טאָר ניט היינט קיין טעקסי
אַ ריר טאָן מיט קיין ראָד!

ווערן סטרייקער „פּאַסאַזשירן"
און מען כאַפּט דעם סקעב,
און מען רייסט אַרויס די טירן
און מען צאָלט מיט קלעפּ.

טעקסיס אין גאַראַדזשן,
סקעבאַטשעס אין שפּיטאָל!
פּערציק טויזנט דרייווער
אין סטרייק צום ערשטן מאָל!

פּערציק טויזנט דרייווער
פּיקעטן די שטאָט —
ס'טאָר ניט היינט קיין טעקסי
אַ ריר טאָן מיט קיין ראָד!

— — — — — — — — —

— — — — — — — — —

עס פליען שוין טעקסיס אַהין און צוריק,
דער סטרייק איז געבראָכן, נאָר גרויס איז דער זיג.
ס'האָבן פערציק טויזנט דרייווער אָפּגעהאַלטן פּראָבע
פאַר די גרויסע שלאַכטן פון אַמעריקעס אָקטאָבער!
און ס'וועלן נאָך צונויף קומען די טאָעסן פון היינט,
ווען ביקסן וועלן זיין די פּאַסאַזשירן
און פונעם טראָט-ברעט וועט מען צילן אַפן פיינט.

## זייד

אין וויטרינעס הענגען שטיקער זייד,
ווי פאַרפרוירענע וואָסערפאַלן.
גוידערן זיך,
בלעזלען זיך
און קאָקעטירן:
זייד — זייד.
אַ באַל־קאָסטיום, אַ כופּע־קלייד;
אָט נעמט אונדז נאָר אין האַנט —
פון אַלע געוואַנטן
זיינען מיר דאָס איידלסטע געוואַנט.

גראָבן דאַמען איין דעם קאָפּ,
מעסטן אויס און צאָלן אָפּ
פאַר זייד.
נאָר איך האָב גערעדט מיט פּעטערסאָנער וועבער —
אין וויטרינעס הענגען שטיקער לעבן!

די שוויים־טראָפּנס אַפן שטערן
פאַרווישט מען מיטן אַרבל,
און פאַלט אַ טראָפּן אַפן זייד אַראָפּ,
וועט אויך קיין פלעק ניט ווערן —
ס'וועט דער פראַבער שוין פאַרפאַרבן.

שווייס פון מי
האָט אַלעמאָל דעם זעלביקן קאָליר,
ווי די נויט פון די
וואָס פּראָדוצירן.
נאָר זייד —
האָט אַלערליי קאָלירן
פאַר קאַפּריזן־שפּיל
פון פּוסט־און־פּאַסנע דאַמען,
וואָס קלייבן זאָרגפעליק דאָס קלייד־קאָליר,
ווי זיי קלייבן די באַשערטע
פון די איכעסדיקע שטאַמען.
דאָס קלייד־קאָליר מוז האַרמאָנירן
מיט די ערשט־געפאַרבטע האָר,
די אוירינגלעך און בראַסלעטן,
מיטן איצטיקן סעזאָן פון יאָר
און דעם דרויסנדיקן וועטער,
מיטן לעצטן קלייד־קאַפּריז
פון אַ קינאָ־„שטערן"
אין האַליוואוד צי אין פּאַריז.
איז וואָס איז שווייס־טראָפּן פון וועבער
באַ דער אַרבעט ?
ס׳וועט קיין פלעק פון דעם ניט ווערן,
ס׳וועט דער פאַרבער שוין פאַרפאַרבן.

ס׳וועט דער פאַרבער שוין פאַרפאַרבן
דעם שווייס, דעם אייגענעם,
דעם שווייס פון זיינע ברידער ;
די אויסגעקרימטע רוקנס און די הענט די מידע,
דעם וועבערס מאַטע אויגן,
וואָס האָבן די ריע אָפּגעגעבן
אף צו כאַפּן אַ פאַרבלאָנדזשעט פעדימל באַם וועבן.

די טעג און נעכט אין שפּול־געדריי פאַרשלונגען,
די שטויב־גרודעס אין גאָרגל,
די לעכער אין די לונגען.
די פריע עלטער, וואָס הענגט אַף גרויע האָר
און קוקט אַפּיר פון פּאָנעם־קאַרבן.
ס'וועט דער פאַרבער שוין פאַרפאַרבן.
און ס'וועלן הענגען אין וויטרינעס שטיקער זייד,
ווי פאַרפרוירענע וואַסערפאַלן.

נאָר איך האָב גערעדט מיט פּעטערסאָנער וועבער.
אין וויטרינעס הענגען שטיקער לעבן!



# ס ט ר י י ק

זיצן מיר אַזוי אין קיך —
דריי וועבער און דריי וועבערינס און איך.
אַווײַלע שטיל —
בליקן שפּאַנען אויס דעם דיל,
דראַפּען זיך אַף ווענט,
בלײַבן הענגען אַף אַ שויב צי אַף דער סטעליע
און פאַלן צוריק אַף די הענט.
קוקט אײנער אַף דער האַנט אַזוי און שווײַגט.
קוקט לאַנג,
קוקט לאַנג
און שווײַגט.
— ווי האַלט עס מיטן סטרײַק ?
— ס'איז ווי דער פּויער אין דער הײם פּלעגט זאָגן :
„שווער אַוועקצואוואַרפן — שווערער נאָך צו טראָגן".
אַ גאַנצן טאָג אין דער פאַבריק —
קײן ברעקל זון,
קײן טראָפּן פרישע לופט,
כאַטש נעם און ווער דערשטיקט.
איז ניט אײנמאָל טראַכט איך מיר אַזוי :
איי, ווען כ'דאַרף ניט שטײן באַם שפּינדל איצט
און וועבן,
כאַטש אָפּכאַפּן דעם אָטעם אַף אַ וואָך צי צוויי,
וואָלט מיר צוגעקומען אַ שטיק לעבן.
נו — איצט בין איך שוין פרײַ.
איז דאָך גוט, האַ ?

טויג ערשט ניט אויפסניי.
דאָס ביסל לופט איז טאַקע אַ מעכאַיע.
נאָר גיי און מאַך,
אַז לופט איז נישט צו קייען.
ווי מיין טאַטע פלעגט צו זאָגן —
לופט איז זיך אַ מייכל פאַר די לונגען
און אַ גוט ביסל באָרשטש — פאַרן מאָגן.
היינט אַ מאַלבעש?
כאָטש גיי אַרום און ציטער. —
מאַלע וואָס אַ מענטש דאַרף האָבן,
האַקלאַל — ס'איז ביטער!

— אַזוי, אַזוי, — כאַפּט אונטער באַלד אַ צווייטער —
טוט אַ מיש דאָס ביסל קאַווע
און דערציילט שוין ווייטער:
— דרייצן טויזנט וועבער,
צוועלף טויזנט פאַרבער,
אַלע ווי איינער געוואָרפן די אַרבעט.
די פאַרבער — נאָך גאָר אַ רויער עלעמענט,
נאָר מיט דער „נעשאָנאַל" *) שטאָל און אייזן!
און דער סענטימענט —
אַ פיינער,
זאָל אַ סקעב זיך נאָר באַווייזן,
איז אַז אָך צו זיינע ביינער.

*) די „נעשאָנאַל טעקסטייל וואָרקערס יוניאָן" איז די רעוואָלוציאָנערע יוניאָן פון וועבער.

און אַ כאַוועך אַ דריטער
צעוויקלט אַ בלעטל:
אַט — אונדזערס אַ בלעטל.
שוין געהאַט אַ דעמאָנסטראַציע.
איי — ווען איר זעט די כעוורע שפּאַנען דורכן שטעטל!
נאָך גאָר אַ גרויער עלעמענט,
נאָר גייען — גייט דאָס גאַנצע הויזגעזינד —
די זין און טעכטער מיטן טאַטן,
און די מאַמעס מיט די פּיצלעך אַף די הענט.
דאָס שטעטל האָט געעפנט מויל און אויגן,
מ'איז אַרויס פון אַלע עקן
און סטרייקער האָבן אויפגעצויגן
ווער אַ שקראַב, ווער אַן אַלט געבאַקן ברויט,
און ווער אַ ליידיקע מילך־פלאַש אַף אַ שטעקן.

— — — — — — — — — — —

זיצן מיר אַזוי אין קיך —
דריי וועבער און דריי וועבערינס און איך.
טיק, טאַק, טיק, טאַק . . .
ציילט דער זייגער די מינוטן אין דער צייט,
ווי אַרבעס אין אַ לעכערדיקן זאַק.
האָט איינער זיך צום צווייטן אויסגעדרייט:
נו — כאַוויירים, שפּעט — שוין צייט צו גיין.
מאָרגן וואַרט אַף אונדז אַ פּיקעט ליין.

# מיטינג־נאַכט

**מ**יטינג-נאַכט.
אַלע בענקלעך שוין פאַרנומען,
שוין פאַרנומען אַלע ווענט,
און אַף אַ קעסטל זיצט מען זאַלבענאַנד,
די סטעליע האַרט באַם קאָפּ.
אַ טונקל לעמפל ברענט.
עס פלאַמט דער אויוון באַ דער וואַנט,
מען קאַרמעט אים מיט ברעטלעך און קאַרדאָן;
קיין קוילן זעט דער אויוון קיינמאָל דאָ ניט אָן.

**ס'**איז ענג.
די לופט איז מיט דעך און אויוון־רויך געדיכט.
נאָר אַ יעדעס פּאָנים איז אַן אָנגעשפּיצטער אויער,
און מען רירט זיך נישט פון אָרט.
דער אָרגאַניזער האָט פאַרענדיקט דעם באַריכט.
איצטער האָט דער „פלאָר" דאָס וואָרט.

**אין** אַ ווינקל, באַ דער וואַנט
הויבט זיך אויף די ערשטע האַנט,
דערנאָך — אַ פּאָנים בלאָס־פאַרמאַרעט,
און דערנאָך — אַ כריפּלער הוסט:
„כ'האָב אַ מאַן, דריי קליינע קינדער,
און אַ פּיצל באַ דער ברוסט.
אָט דאָס צעטעלע, דעם לענדלאָרדס,
איז געלעגן אין מיין טיר:
כ'האָב געהערט, אַז דאָ אין קאָנסל
קאָן מען עפּעס טאָן פאַר מיר".

אין פון מיטן אוילעם
שיסט ווער אויס: „העי טשיף!
מאַי ווערסטיגעיטאַר — הי נאָ קאָם!
מאַי וואַיף — שי סיק פראָם סטינקי ביף".
טוען בענקלעך זיך אַ ריר,
קוקן איבער זיך די ווענט:
רופט דעם אָרגאַניזער „טשיף" —
נאָך אַ רויער עלעמענט.

אין אַ דריטער
רעדט פאַרביטערט:
„כ'האָב גערופן היינט דעם דאָקטאָר
צו מיין קראַנקן קינד:
מילך־און־אייער — זאָגט ער..."

אין דערנאָך — אַ פערטער:
פּראָסטע, צאַרנדיקע ווערטער.

ס'זיינען שפּראַכן דאָ פאַרשיידן,
און פאַרשיידן איז די הויט,
נאָר די טעמע איז די זעלבע —
ברויט.

# אַ ווינטער-טאָג אין קאַנסל-קיך

ס'איז זשומעדיק אין קאַנסל־קיך בייטאָג,
און ס'וואַקסט דאָ מיטן הונגער דער געזשום;
מען טרייבט מיט פיס־געטופּ די קעלט,
מען לאַכט, מען אַמפּערט זיך,
מען רעדט אַרום די וועלט.
און מע טריקנט די זאָקן, די נאַסע.
דער אויוון בולבעט צו
מיט אַ שיסל זידנדיקן וואַסער.

און אַז ס'דערמאָנט זיך ווער:
„העי, פּאַפּ, שוין לאַנג קיין לידל נישט פאַרצויגן!"
נעמט פּאַפּ די צי־האַרמאָשקע אין די הענט,
לאָזן זיך די פיס צום טאַקט,
סקריפּעט־צו דער לאַטער דיל,
דרינדזשען טעפּלעך אַף די ווענט,
שווימט די קיך אַרום אין זיינע אויגן.

און קומט צולויפן ווער —
ווייסט מען דאָ שוין וואָס צו טאָן:
ווי ס'כאַפּן זיך סאָלדאַטן צום געווער,
כאַפּט מען גלייך דעם רענט־פּלאַקאַט,
דאָס קעסטל און דאָס שטיקל אַמעריקאַנער פאָן,
און ס'לויפט פאַרשמייעט אום דער אַלטער פּאַפּ.

דערלאַנגט די זאַכן צו די הענט
און מיט אַ פּאָטערלעכן פּלייצע־קלאַפּ
באַגלייט ער יעדערן אין וועג,
און ער — בלייבט איבער דאָ אַליין
און היט דעם קאַנסל אָפּ —
זיין איינציקן פאַרמעג.

און אַז מען קומט צוריק,
לויפט זיי פּאַפּ אַנטקעגן,
זוכט ער אַף די פּענימער דעם זיג,
דאַרף ער שוין ניט פרעגן.
צוגענומען פון די הענט
און אַ לידל גלייך פאַרצויגן,
לאָזן זיך די פיס צום טאַקט,
סקריפּעט־צו דער אַלטער דיל,
דרינדזשען טעפּלעך אַף די ווענט,
טאַנצט דער זיג אַרום אין זיינע אויגן.

# עס ריידן די ווענט

ניטאָ קיין שטומער ווינקל דאָ,
באַם אַרבעטלאָזן קאַנסל —
ס'גייען ווענט אַף דעמאָנסטראַציעס
און ס'רופן די אַנאָנסן.

אין פּלאַקאַטן אָנגעטאָן,
מיט לאָזונגען באַקליידטע,
מאַרשירט איין וואַנט קיין וואשינגטאָן,
קיין אָלבאַני — אַ צווייטע.

עס האָט אַן אַרבעטער־טאַלאַנט
באַמאָלן אַן עוויקשאָן:
טאַסקעט דאָ די דריטע וואַנט
דאָס מעבל אַף צוריק שוין.

די פערטע וואַנט — אַ בולעטין:
פאַרטיילט דעם קאַנסל'ס פליכטן,
זי איז פון אויפטו דער אַרשין:
זי טראָגט די קאַמף־באַריכטן.

וואָס מער עס וואַקסט אין גאַס די נויט —
אַלץ בונטער די אַנאָנסן,
אַלץ העכער ריידן דאָ די ווענט
באַם אַרבעטלאָזן קאַנסל.

# דער ווינט

צו דעם וואָס וויגט זיך אויף אַ ווייכן שטול
און ציפּט געמיטלעך פונם שטענגעלע די טרויבן,
קומט דער ווינט צו גאַסט אַמאָל,
טוט אַ פייף, אַ לאַך,
און שפּילט קלאַוויר אים אויף די שויבן.

צו דעם וואָס האָט דעם הימל פאַר אַ דאַך
און האָט ניט צו דער זעט דאָס שטיקל ברויט,
גאַנוועט זיך אַריין דער ווינט דורך שיך און הויזן־לאַך
און גייט אַ טאַנץ אויף ביינערדיקן לייב
אין טאָרבעדיקער הויט.

# ליד פון אַלטן אַרבעטסלאָזן

דאָס ביסל זאַלץ אין מיין הויז
האָט שוין לאַנג קיין טעפּל וואַרעמס ניט פאַרזוכט,
און ס'נישטערט אומזיסט אַף דער פּאָליצע
די הונגעריקע מויז.

מיין אויוון האָט פאַרגעסן שוין דעם טאַם פון קוילן,
לויפט דער ווינט זיך פראַנק און פריי
דורכן קוימען, ווי די קעלט
דורך מיינע צעלעכערטע זוילן.

די אַלטע מיינע ליגט אין בעט און קרעכצט —
דאַר ווי אַ שפּענדל און בלאָ פון קעלט,
נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז ס'איז ניטאָ אין שטוב
אַפילע אַף אַ קאַפּ געקעכץ.

מיין זון, דער שפּייזער, האָט שוין לאַנג קיין גראָשן ניט פאַרדינט,
מאַרשירט ער איצט קיין וואשינגטאָן.
איך אַליין וואָלט אויך מאַרשירט מיט זיי,
ווען די פיס וואָלטן מיר נאָר געדינט.

# אַ מענטש אַליין

שוין אויסגעשפּאַנט צום צענטן מאָל דעם דיל,
שוין אויסגעמאָסטן מיטן אויג די ווענט.
מיטן אויער נאָכגעלאָפן יעדן גאַס־געבריל —
און ווידער שאַ,
און ווידער שטיל,
און ווידער ציען גענעצנדיק זיך אַפן שויס די הענט.

די ראַדיאָ שוין אָנגעשטעלט — צוריק פאַרדרייט.
אויפסניי זי אָנגעשטעלט — פאַרדרייט צוריק.
געזוכט אַ וואָרט — אַ טרייסט כאָטש פון דער וויט —
דערזעלבער טאָן,
די זעלבע רייד,
עס שפּילט שוין אַף די נערוון די מוזיק.

געכאַפּט אַ בליק אין שפּיגל און געבליבן שטיין —
געזען ווי ס׳גרויען זיך פון טאָג־צו־טאָג די האָר ;
ווי ס׳זינקען טיפער נאָך די אויגן איין —
דאָס פּאָנים בלייך,
שוין הויט און ביין —
און ס׳ליגט אין קאַרבן איינגעקריצט דאָס אַרבעטסלאָזע יאָר.

איז ענג די שטוב און ענגער נאָך די גאַס.
איז יעדער טאָג — אַ וואַרגנדיקע האַנט.
און ער איז זיך אַליין אַ פיינלעכער באַלאַסט.
ער וויס נאָך ניט דעם טאַם
פון אויפגעוועקטן האַס —
און ס׳בלייכט אַוועק דאָס לעבן זיינס
אין שפּיגל אַף דער וואַנט.

# דער סאָבוויי־זינגער

צי פאָרסטו אַף בריק פון מאַנהעטן,
צי פאָרסטו אַף וויליאַמסבורג בריק,
ס׳וועט נויט מיט געזאַנג דיך באַגלייטן,
ס׳וועט הונגער דיר שפּילן מוזיק.

אַט שטייט ער אין מיטן וואַגאָן דאָ,
אַ ריז מיט צוויי דעמבענע הענט.
כאַטש הייס אים די שטאַנגען צעטראָגן,
כאַטש הייס אים צעשפּאַרן די ווענט.

און ס׳בייט זיך די פאַרב פון זיין פּאָנעם,
און ס׳בלאָנדזשען צעטומלט די הענט —
ווי אַ קינד וואָס וויל עפּעס זאָגן,
און פּלאַפּלט פאַרלוירן פאַרשעמט.

— אַנטשולדיקט מיר, דאַמען און הערן,
וואָס כ׳רויב אייער צייט דאָ אומזיסט.
איך וויל אַז איר אַלע זאָלט הערן,
איך בין אַן עקספּערט מאַשיניסט.

איז קאָן ווער אַ דזשאַב מיר דאָ געבן,
אַף ברויט פאַר מיין וויב און מיין קינד.
אַניט מוז איך מאַכן אַ לעבן
פון אַט דעם וואָס איך טו דאָ אַצינד. —

און ס׳ציטערט אין האַנט די האַרמאָשקע,
ווי ס׳ציטערט אין אויג אים זיין בליק.
דער ריז זינגט אין סאָבוויי אַ לידל,
און באַגלייט זיך אַליין מיט מוזיק.

*

דעם זאַפּט פון זיין מאַרך אין פּאַלאַצן פּאַרבויט,
איצט וואוינען דאָרט האַרן פון וועכטער באַוואַכט,
די שלעסער וואָס היטן אין שפּייכלער דאָס ברויט
דערקענען די האַנט ניט וואָס האָט זיי געמאַכט.

איז ווער זאָל דיר העלפן אָט דאָ אין וואַגאָן,
דיין ברודער וואָס נעכטיקט ווי דו אָפן וועג?
דו גיי צו די האַרן און פאָדער און מאָן, —
ס׳איז דיינס דער פּאַלאַץ און ס׳איז דיינס דער פּאַרמעג.

ס׳האָט הונגער שוין קאָמפן אַף גאַסן געבוירן
און ס׳זעצן שוין פויסטן אַף שפּייכלערשע ווענט;
איז פאַרוואַרף די האַרמאָשקע — העלף ברעכן די טויערן!
איז גיי און טראָג צו דיינע דעמבענע הענט!

# ווען אַ מענטש וויינט

1

שוין באַלד אַ יאָר
אַז צווישן אים און מיר:
אַ צופעליקער שמייכל,
אַ גוט־מאָרגן
און אַ דינע טיר.

ס׳טרעפט אָפט:
ס׳איז שטיל.
און אַף אַמאָל —
מיר שפּאַנעןביידע אויס דעם דיל.
ווי ס׳וואָלט דערזעלביקער געדאַנק
געמאָסטן ביידנס טריט.

ס׳טרעפט אָפט:
ער פּייפט אַ לידל צו,
כאַפּ איך אונטער — פּייף איך מיט.
נאָר כ׳האָב נאָך קיינמאָל ניט גערעדט מיט אים
ביז היינט,
ווען ר׳האָט אין מיטן העלן טאָג
זיך ווי אַ קינד צעוויינט.

קינדער זיינען גרינג אַף טרערן,
און גרויסע פּאַרקוועטשן אַ ליפּ צווישן ציין.
דערפאַר טוט ווי אַזוי צו הערן,
ווען אַ מענטש אין די יאָרן ברעכט אויס אין געוויין.
האָב איך געהאַלטן שוין די קליאַמקע אין מיין האַנט
און בין געבליבן שטיין.
עס האָט מיין בליק באַגעגנט זיך מיט לעגינס אַף דער וואַנט.
כ'האָב זיך פאַרשעמט —
און בין אַריין.

2

פיר הוילע ווענט.
אַ מענטש.
אַ בענקל און אַ בעט.
דער קאָפּ באַגראָבן אין די הענט,
און אַפן טיש
אַן עפּל און האַלבער סיגאַרעט.

ער האָט געהעשעט ווי אַ קינד נאָך אַ געוויין
און האָט זיך ניט אַ ריר געטאָן פון אָרט.
איך האָב געוואָלט אים זאָגן וואָס,
נאָר ס'האָט מיר אויסגעפעלט אַ וואָרט.

דערנאָך האָב איך אים איינגערעדט:
באַ מיר איז וואַרעם און געראַמער, —
איז קומט אַריין.
מיר וועלן טרינקען אַ גלאָז טיי צוזאַמען.

האָט ער דעם עפּל מיטגעבראַכט,
און איך האָב אויפגעזאָדן טיי.
ער האָט גערעדט — גערעדט אַסאַך,
נאָר ניט פון דעם וואָס טוט אים וויי.
ווי ניט צו אָנרירן אַ וואונד,
וואָס שמאַרצט באַם מינדסטן ריר,
האָט ער אַלץ מיט ווייטע רייד פאַרדעקט.
נאָר
מען קאָן ניט האַלטן קיין באַהאַלטענעם געשוויר, —
האָב איך געפרעגט —
— — — — — — —
עך — האָט ער געטאָן אַ ברום —
ווי קאָן אַ מענטש ניט ווײ־טאָן,
ווען ער קוקט זיך נאָר אַרום:
געווען אַמאָל אַ מענטש,
געלעבט מיט מענטשן גלייך,
געהאַט אַ היים,
אַ ווייב,
אַ קינד.
עמעס, דאָס לעבן גייט ניט ווי אַ ווירע גלייך,
נאָר ס'איז נאָך קיינמאָל ניט געווען ווי ס'איז אַצינד.

דער שניי האָט זיך געהורבעט אַף מיין שויב
אַזוי קאַלט, אַזוי שווער,
ווי שווערע געדאַנקען פון פיינלעכע טעג.
ער האָט פון בענקל זיך געטאָן אַ הויב,
זיך אויסגעדרייט און אָפּגעווישט אַ טרער
און געעקבערט מיט זיין בליק די וואַנט.
האָב איך אַ פרעג געטאָן מיט אויסגעשטרעקטער האַנט:
איר קאָנט דעם מאַן?

ער האָט די אויגן איינגעגראָבן טיף,
ווי ער וואָלט וועלן אים דערקענען.
האָב איך אַרויסגעהאָלפן:
דאָס איז לענין.
ער איז שוין טויט דאָס עלפטע יאָר,
נאָר עס לעבט זיין וואָרט היינט מער ווי טאָמיד —
מער ווי טאָמיד גייט היינט אויף זיין וואָר.
— דאָס פּאָנים איז אים, דאַכט זיך, יאָ באַקאַנט,
דעם נאָמען האָט ער קיינמאָל ניט געהערט.
און איך האָב אים דערציילט אַ סך פון יענעם לאַנד,
וואו ס'איז אַ שטאָלץ — צוויי האָרעפּאַשנע הענט.
עס האָט די פרייד היינט אין מיין האַרץ אַרומגעשפּאַנט,
איך האָב מיין שאָון מיט לענינען באַקענט.

## שטיי־אויף!

רופט אים אייך מאָטל, צי דזשימי, צי דזשאַן,
און מעג ער פון שטאַם זיין אַ איד, צי אַ קריסט,
נאָר איין זאַך איז קלאָר: ס'איז אַן אַרבעטסמאַן,
וואָס וואַלגערט זיך אום איצט, ווי אָפּפאַל אַף מיסט.

אַמאָל האָט ער עפּשער, דער דזשאַן, צי דער מאָטל,
די טעג און די וואָכן אין קליידער פאַרשטעפּט,
צי אין דומפּיקע קעלערס די נעכט אָפּן טייג־ברעט צעקנאָטן,
ביז ס'האָבן די אויגן מיט שלאָף זיך געקלעפּט.

אַמאָל האָט ער עפּשער פאַר ליכטיקע היימען
מיט שטערן און בלומען באַמאָלן די ווענט,
צי אַף אַקסל געדזשוויגעט די ציגל, דאָס ליים און
געטעסעט די שטיינער, געמישט דעם צעמענט.

נאָר היינט איז דאָס האַרץ אים פון הונגער פאַרקלעמט
און דאָס פּאָנים פאַרגעלט, ווי אַ קויטיקע ציך;
אַפן לייב צעקריכט שוין דאָס לעצטע העמד
און די פיס־פינגער סטאַרטשען אַרויס פון די שיך.

עס זשאַווערן היינט זיינע שפּייזער — די הענט,
ווי עס זשאַווערט שוין ערגעץ זיין זעג, צי זיין שער;
צווישן אים און אַ בעט שטייען שטיינערנע ווענט, —
זיין שטענדיקע היים איז איצט יוניאָן סקווער.

אַף הוילן אַספּאַלט, מיט אַ צייטונג צוקאָפּנס,
ברעכט ער די קריזשעס דורך שלאָפלאָזער נאַכט,
און גיט איינמאָל, ווען הימל נעמט האָגלען מיט טראָפּנס,
ווערט פון דעמזעלבן צוקאָפּנס אַ דאַך.

די פיס שלעפּן מידע זיך אום ווי צוויי קלעצער;
פון הונגער פאַרפלאָנטערט אין מויעך דער געדאַנק —
געפינט ער אין פּאַרק וואו אַן אָרט זיך צו זעצן,
פאַרוויגט ער דעם הונגער מיט שלאָף אַף דער באַנק.

די הייזער פאַרשווינדן, ווי רייטער אַף פערד —
אים דאַכט זיך, ער שוועבט וואו אין ליידיקן רוים;
דער קאָפּ בויגט זיך טיפער און טיפער צו דר'ערד,
ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים.

אויב קינדער אין שלאָף לויפן אום אין געוועט,
און געפאַנגענער כאַלעמט פון גאַס אַף דער פריי —
כאָלעמט איצט דזשאַן פון אַ זויבער בעט,
צי פון ברויטן פון הייסע אין בעקעריי.

בויגט זיך אַלץ טיפער און טיפער דער קאָפּ
און כאַפּט אַלע ווײַלע צוריק זיך אַרויף.
נאָר אָט טוט אַ שטורך פּאָליצייאישער קלאָב —
— שטיי אויף, דו טרעמפּ, שטיי אויף!

ער טרייסלט אים בײַ דער טשופּרינע האָר,
ווי ס'טרייסלט דער ווינט אַפּן שטריק אַ שטיק גרעט.
— וואָס איז דאָס דער פּאַרק דיר אַ שלאָפצימער גאָר,
צי די באַנק דיר אַן אייגענע בעט?

דזשאַן רייבט זיך די אויגן — צוויי פלעמלעך שרעק —
און ס׳פאַלט צו דער ערד אַ פאַרשעמטער זיין בליק.
נאָר רוקט פּאָליציאַנט פונעם אָרט זיך אַוועק,
ווערט ער צוביסלעך אַנטשלאָפן צוריק.

נאָר ס׳טרעפט, אַז ניט איינמאָל אין שלאָף אַף דער באַנק,
דערהערט ער פון ווייטנס דעם טראַם־טראָט פון טריט;
דערהערט ער פון ווייטנס אַ הילכיק געזאַנג,
וואָס וועקט אים און רופט אים: „שטיי אויף און קום מיט!"

דאָס שפּאַנען די שאָפער פון ברויט און פון שיך,
צעבּרענטע פון הונגער, צעלעכערט פון נויט.
— העי, דזשימי! העי, דזשאַני! דאָס מיינט מען דאָך דיך —
איז קום, לאָמיר פאָדערן אַרבעט און ברויט!

דער הונגער שפּאַנט באַקעט דורך גאַסן פון שטאָט,
אַ וואַלד מיט פּלאַקאַטן געקלאַמערט אין הענט;
דזשאַן רייבט זיך די אויגן, טרייבט אונטער זיין טראָט,
ווי ער וואָלט אַ באַקאַנטן פון ווייטן דערקענט.

— — — — — — — — — — — — —

און ווידער אַ נאַכט אַף הוילן אַספאַלט,
און ווידער אַ טאָג אַף דער האַרטער באַנק;
און קאָפּ בויגט זיך טיפער און טיפער צו דר׳ערד
און כאַפּט אַלע ווײַלע צוריק זיך אַרויף.

און אָט קומען ווידער פּלאַקאַטן — אַ וואַלד,
און ס׳ווערט אַלץ געדיכטער דער טראַם־טראָט פון טריט,
און ס׳רופט שוין אַלץ העכער דאָס הילכיק געזאַנג:
— שטיי אויף און קום מיט!
שטיי אויף און קום מיט!

# מאַדאַם ברוקס

1

מאַדאַם קאָרנעליאַ ברוקס
ליגט אויסגעצויגן אַף דער זאָפע.
באַ דער זייט —
דאָס אימפּאָרטירטע שווייצער־הינטל,
ווי אַ בייגל איינגעדרייט.
פון יעדן ווינקעלע שטראַמט וואַרימקייט אַפיר,
די זון כאַפּט דורכן צימער אַ שפּאַציר
און ווישט אַרום מיט אירע שטראַלן־טיכער
די קונסט־באַבלימטע ווענט,
און טוט אַ גלעט דעם בראָנזן־ביוסט פון ערשטן פּרעזידענט,
און גייט זיך קריק אַרויס.
דער ביוסט צעפינקלט זיך,
צעשמייכלט זיך,
און לעשט זיך ווידער אויס.
אַף די שויבן דראַפּעט זיך אַ ווינטל.
מאַדאַם צעגענעצט זיך
און טוט אַ גלעט דאָס הינטל,
און ס׳קריכט די צייט אַזוי פּאַוואָליע פויל,
ווי די סלינע פון אַ בעהיימעס מויל.

2

די כאַפּט אַמאָל פון פלעשל נאָך אַ זופּ.
טוען זיך די אויגן אַ צעשפּיל,
ווערט דאָס צימער אירס אַ לופּ־דע־לופּ,
צעהוליען זיך די ווילדע אָרגיע־נעכט,
גייען אירע אָפּגעשיקערטע יאָרן אַ קאַדריל.

די באַקן־זעקלעך קריגן פאַרב.
די אויגן־זעקלעך ווערן פול.
און די לאַנגע גוידער־טאָרבע טאַלעפּעט זיך באַ יעדן ריר,
ווי אַ לויזער,
האַלב־מיט־וואַסער־אָנגעגאָסענער פּאַכיר.

עס גייט דאָס לעבן אירס ניט ווייטער פון דער זאָפע
מיטן הינטל און מיט פּאַראַליז.
דער דאָקטאָר זאָגט:
— מאַדאַם, איר דאַרפט וואָס מערער שלאָפן.
נאָר זי האַלט אויף נאָך דעם אַמאָל
מיט פרימאַדאָנישן קאַפּריז.
זי טראָגט דעם דימענט־בליאַסק
אַף פינגער און אַף אויערן,
די נעגל רויט געפאַרבט,
די האָר געקרויזט־געשווירן,
די מאַסאַזשיסטקע קומט דעם גוידער מאַסאַזשירן,
און באַם פריזיר באַשטעלט זי נאָך
דאָס לעצטע וואָרט אין האָר קאָלירן.
דער שאָפער מוז יעדן טאָג זיך מעלדן באַ דער טיר:
Madam, the machine is here—
און גייט אַוועק.
אַלץ, אַלץ ווי ס'איז געווען אין יענע טעג,
כאָטש דאָרט וואו ס'גייט אַ יעדער מענטש אַליין,
מוז מען זי שוין איצטער פירן.

3

און ניט איינמאָל אין אַ זונטיק, ווען ס'קומט דער גאַלעך
און נעמט זי באַ דער האַנט —
זי רופט אים פאָטער און ער רופט זי קינד,
און ער דערציילט פון גאָטס גאַניידן־לאַנד,

וואו יעדער מענטש וועט זיין אַ מאַלעך
און ס׳וועט ניט זיין קיין זינדיקע און ס׳וועט ניט זיין קיין זינד —
דערמאָנט זיך מאַדאַם ברוקס אין יענע טעג,
ווען ס׳האָט די „נויאָרק טיימז״ פאַר גאַנצער וועלט
איר בילד אַף ערשטער זייט געשטעלט:
„מאַדאַם קאָרנעליאַ ברוקס,
פּרעזידענט פון דער געזעלשאַפט צו באַשיצן היימלאָזע הינט,
אָפּגעפאָרן!
אָנגעקומען!
אויפגענומען!״
ווי ס׳ציילט אַ געוועזענער גוויר מיט זשעדנעקייט
זיין אַמאָליקן פאַרמעג,
ציילט מאַדאַם אין זיקאָרן יענע גליקלעכע טעג,
און זיס איז באַם ציילן אַיעדער מאָמענט.
עס לאָזט די רו זיך שטיל אַראָפּ,
און נעמט דעם אומרו באַ די הענט,
און פירט אים וואו אַוועק.
זי ניורעט טיפער נאָך אין קישן איין דעם קאָפּ,
די בלויע אויגן־דעקלעך לאָזן זיך אַראָפּ.
אַף די שויבן שפילט אַ ווינטעלע קלאַוויר,
ס׳טוליעט נעענטער זיך דאָס הינטעלע צו איר
און זי דרימל —
דרימל —
דרימל —
דרימלט איין.

און ס׳דאַכט זיך איר:
אָט קומען אַלע הינט און הינטעלעך צוגיין,
און שטעלן רונד־אַרום זיך אויס,
און לעקן מיט די צינגלעך אויס — אַ דאַנק.

# "באַקוועמלעכקייט"

דער שטויב רייסט זיך אַריין אין האַלדז, אין די לונגען
און רייסט אַרויס אַ הוסט.
דאָס מאַגנעטירטע פּיסקל פונעם אָפּהאָלסטער העמערל
רייסט די טשוועקלעך פון מויל.
די מאַשין רייסט שטיקער קאָלירטע שטאָף פונעם אָפּערייטערס הענט,
דער זייגער רייסט די שאָען פון דער צייט.
און אַלע דריי פיר שאָ ווערט אַ שטיק באַקוועמלעכקייט באַשאַפן:
אַ הויכער ווייכער שטול,
אַ לאַנגע ווייכע סאָפע.
און ס'דאַכט זיך
באַלד ווי זיי ווערן נאָר פאַרטיק, הויבן זיי אָן צו ריידן:
„זעט נאָר ווי שיין מיר זיינען!
ווי באַקוועם עס איז אויף אונדז צו זיצן,
און צו רויכערן געמיטלעך אַ ציגאַר.
מיר שאַפן אַטמאָספערע און שטימונג צו לייענען פּאָעזיע
ווי אויך צו דערקלערן זיך אין ליבע.
זעצט אייך, ביטע, זעצט אייך".
— — — — — — — — — — — — — —

„נו, נייטן, שוין פאַרטיק?
נעם שיס אַריין די „טשערקע" און ווער ניט אַנטשלאָפן!
און דו, הערי, קוועטש אַריין די „סאָפקע"
און גיב זיך אַ שאָקל!"
— — — — — — — — — — — — — —

רויש̈ן מאַשינען נאָך העכער,
בייגן זיך רוקנס נאָך טיפער,
טאַנצן די העמערלעך פלינקער
און רייסן די טשוועקלעך פון מויל — ציק ציק — ציק ציק.
און אַלע דריי פיר שאָ ווערט אַ שטיק באַקוועמלעכקייט באַשאַפן,
אַ הויכער ווייכער שטול,
אַ לאַנגע ווייכע סאָפע.



# אָ, כאַוועך היט, אָ, כאַוועך האָרך . . .

האַלבע נאַכט. מיר שפּאַנען דורך דער שטאָט
מיט פאַרב און באַרשט און לאָזונגען אין הענט.
ס'איז וואַך דאָס אויג און פלינק דער טראָט —
מיר פאַרבן היינט די ראָגן און די ווענט.
אָ, כאַוועך, היט, אָ, כאַוועך האָרך —
עס לויערט שפּיק; עס לויערט פּאָליציי.
אָ, כאַוועך, ניט פאַרהער קיין שאָרך —
— — — — — — — — — — — — — — —די פּאַרטיי!

עס ציטערט ניט פון שרעק מיין האַנט
און ניט פון מוירע וואַקלט זיך מיין טראָט —
ס'איז אומרו בלויז פון זייגער־קלאַנג;
ס'איז וייט, נאָך וייט ביז לעצטער וואַנט,
ביז לעצטן ראָג פון שטאָט.
אָ, גיכער, כאַוועך, גיך־דערלאַנג,
עס קומט דער טאָג.

ס'איז שטיל. אַ שילדל הוידעט זיך אין ווינט;
אַ טראָט הילכט אָפּ אַף הוילן טראָטואַר;
אַ פוסטער טראַם יאָגט אָן — פאַרשווינדט.
עס קוקט אים נאָך אַ גאַס־פאַנאַר;
עס גרייט זיך אַ וויטרינע פאַרן טאָג —
מען פוצט דאָ אויס אַ הילצערנע דאַמע.
און מיר, אַנטקעגנאיבער, טוען אָן דעם ראָג
אַ לאָזונג מיט אַ סערפּ און האַמער.

ס'איז שטיל. עס שלאָפֿט דער אַרבעטער־קוואַרטאַל.
עס זיינען היימיש דאָ די ראָגן און די ווענט.
אַנטקעגן פּוסטן טראַקט צעפּראַלט
אַ מויער שטייט פֿאַררויכערט און פֿאַרברענט.
ניט איין ראָג האָט דערקענט דעם טאָם פֿון אונדזער פֿאַרב,
ניט איין וואַנט האָט די באַרשט דערקענט.

עס צאַנקט די נאַכט, עס וועקט זיך דער קוואַרטאַל,
עס שלייכט אַריין דער טאָג מיט פּייכטע טריט.
פֿון העלן טאָג דער ערשטער שטראַל
האָט נאָך אינמיטן נאַכט זיך דאָ צעגליט,
ווען ס'האָט אַף ראָגן און אַף ווענט
פֿאַרשריבן די פּאַרטיי:
אַ, איר, פֿון שוואַרצער נויט און האָרעפּאַשנע הענט —
**אַרויס אין גאַס דעם ערשטן מאַי!**

# אין צווישן־צייט

װען ס׳טרעפט אַמאָל, אַז איבער הייס־צעגליטע טעג
טראָגט זיך אונדזער קאָל ניט אינדערהויך,
און אַלץ, וואָס זעט זיך אָפּן בלוט־פאַרשפּריצטן וועג
איז אַ שטורעם־ווירבל אין געדיכטן רויך —

ניט מיינט, כאַווײרים, אַז פאַרלאָשן איז דאָס פייער,
און, סוינע, דו — אומזיסט דיין ווילדע פרייד.
דאָס האַלטן מיר די קויכעס אין באַנייען,
דאָס האָבן מיר צום אָנגריף זיך געגרייט.

ווי ס׳וועט די זון דעם טאָג אינמיטן ניט פאַרלאָזן,
שטייען מיר דאָ שטענדיק אָף דער וואַך,
דאָס האָבן מיר די פייערן צעבלאָזן,
קעדיי ס׳זאָל העלער זיך צעפלאַקערן די שלאַכט.

# אונדזערע טעג

ניט קיין גרויע וואַנדערער,
וואָס שלעפּן זיך אין וועג
פון אומענדלעכער צייט,
זיינען אונדזערע טעג.

ניט זשאַווערדיקע שיפן,
וואָס שטייען געאַנקערט באַם ברעג
און בענקען נאָך ערגעץ אַ יאַם,
זיינען אונדזערע טעג.

אונדזערע טעג זיינען סאָלדאַטן,
אַפן שלאַכטפעלד אויסגעשטעלט.
פאַלן אונדזערע טעג, ווי העלדן,
אינעם קאַמף פאַר נייער וועלט.

# הענקער, נעם אַוועק דיין האַנט!

אין טויטן־הויז פון סקאָטסבאָראָ, אַלאַבאַמאַ,
צאַפּלען זיך יונגע לעבנס ניין
אין טויטן־קלאַמער.
ו אַנגלען זיך יונגע לעבנס הינטער גראַטעס,
ווי כאַיעס אין אַ שטייג געפאַנגען.
שלאָגט אין זיי אַ יעדער האַרץ־קלאַפּ ווי אַ האַמער:
טויט,
טויט,
**טויט.**
פאַלט אף זיי אַ יעדער רעגע ווי אַ האַמער:
טויט,
טויט,
**טויט.**
טוט אַ פליג אַ זשום פאַרביי —
טויט.
לויפט אַ באַן וואו אין דער פריי —
טויט־טויט־טויט־טויט,
**טויט!**
הענגט אַ שפּין זיך אַף דער סטעליע —
טויט.
בראַזגעט וואו אַ דזשאַז־קאַפּעליע —
טויט־טויט־טויט־טויט.
טוט אַ פייף וואו אַ פאַבריק —
ט־ו־י־ט,
און אַלץ וואָס הערט זיך
איז דעם וועכטערס טעמפּער שליסל־קלאַנג:

קליק־קליק—קליק־קליק.
און מיט יעדן זון־פאַרגאַנג
אין טויטן־הויז
לעשן יונגע טעג זיך אויס,
שטאַרבן שטיקער האָפנונג אויס,
וואַקסט פאַר יעדנס קאַמער אויס
אַן עלעקטריק שטול מאָנסטער־גרויס
און ער הויבט זיך אָן צו רוקן
נעענטער,
נעענטער,
נעענטער,
און ער רייסט זיך צו פאַרצוקן
גיכער,
גיכער,
גיכער
יונגע לעבנס ניין.
און אַלץ וואָס הערט זיך
איז דעם וועכטערס טעמפּער שליסל־קלאַנג —
קליק־קליק—קליק־קליק.

## פון טויטן הויז

אין סקאָטסבאָראָ, אַלאַבאַמאַ,
רייסט זיך צו דער וועלט אַרויס
אַ מעכטיקער געשריי:
ר־אַ־ט־ע־וו־ע־ט,
ר־אַ־ט־ע־וו־ע־ט!
האָט סקאָטסבאָראָ שוין אָנגעקלאַפּט
אין יעדן טויער פון דער וועלט,
און איבעראַל
האָט קאַפּיטאַל
דעם וועג פאַרשטעלט,

נאָר אַרבעטער און פויער
האָט אויפגעפּראַלט דעם טויער
און אָפּגעהילכט האָט איבער לענדער, איבער שטעט:
ר־אַ־ט־ע־וו־ע־ט!
ר־אַ־ט־ע־וו־ע־ט!
און אומעטום, וואו ס'איז פאַראַן
אַ קאָמוניסטישע פּאַרטיי,
ווערט העכער נאָך און מעכטיקער
דער סקאַטסבאָראָ־געשריי:
פּראָלעטן פון דער וועלט,
ס'איז סקאַטסבאָראָ אַ בלוטיקער סיגנאַל;
ס'איז ניט נאָר סקאַטסבאָראָ אַליין,
ס'איז אַ פאַרמעסט מיט קאַפּיטאַל,
און ווער וועט דאָ דער זיגער זיין.
אין יעדער שטאָט פון יעדן לאַנד
(אַכוץ דעם איינציקן אַרבעטער־לאַנד)
ראַנגלען זיך סקאַטסבאָראָ־אינגלעך הינטער גראַטעס,
וואַלגערן זיך סקאַטסבאָראָ־אינגלעך אַף די גאַסן,
בויגן זייערע רוקנס
אין פאַבריקן,
אַף די פעלדער,
אין די מינעך,
אומעטום וועט איר סקאַטסבאָראָ־אינגלעך געפינען.
און ווער סע וואָגט צו מאָנען ברויט —
זיין שטראָף איז טויט!
אין יעדער שטאָט פון יעדן לאַנד
סע אַרבעט פלינק דעם הענקערס האַנט,
סע שטייט שוין גרייט אַן עשאַפאָט,
אַ גילאָטין, עלעקטריק־שטול,
און טויטן־הייזער אָן אַ צאָל —
ס'איז ניט נאָר סקאַטסבאָראָ אַליין.

איז ווער וועט אָן אַ זייט איצט שטיין?
דו, אַרבעטער און פויער,
דו האָסט אַ האַנט — פאַרקלעם אַ פויסט!
דו האָסט אַ קול — איז גיי אַרויס
און טו אַ שאַל,
אַז ציטערן זאָל קאַפּיטאַל,
אַז דונערן זאָל איבעראַל,
אין יעדער שטאָט, אין יעדן לאַנד:
הענקער, נעם אַוועק דיין האַנט,
באַפרייַ די יונגע לעבנס ניין!
ס'איז ניט נאָר סקאָטסבאָראָ אַליין,
ס'איז אַ פאַרמעסט מיט קאַפּיטאַל.
די זיגער מוזן מ י ר הייַנט זיין!



# געבליבן וואָלט שוין היינט פון זיי . . .

האָט געזאָגט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי,
האָט געזאָגט די אַי. על. די.:
The Scottsboro Boys Shall Not Die!
The Scottsboro Boys Must Be Free!

געבליבן וואָלט שוין היינט פון זיי
ניין ביימער אָפּגעסמאַליעטע,
אַ ניט־דערברענטע פּעטליע אַף אַ צווייג,
אַ שטיק פאַרגליווערט בלוט אין קאָרע־קאַרבן
און ערגעץ וואו אַף דר׳ערד
אַ פאַררויכערטער ביין,
אַ פאַרקוילטער שאַרבן.

געבליבן וואָלט שוין היינט פון זיי
באַ טאַטע־מאַמע פון די אינגלעך ניין
אַ טיפער ווי,
אַ שטומער פּיין,
אַ שטיקנדיקער שווייגן.
און יעדער שאָרך,
און יעדער שויב־ציטער אין ווינט
געוועזן וואָלט פאַר זיי
דער לעצטער כאָרכל פון אַן אייגן קינד,
וואָס צאַפּלט זיך אין פלאַם
פון פלאַקערדיקע צווייגן.

געבליבן וואָלט שוין היינט פון זיי
אַ וויסטער אָרט אַרומגעצאַמט מיט שרעק,
ווי ס'מיידן מענטשן אויס דעם טויט,
וואָלטן נעגער אויסגעמיטן יענעם וועג,
און וואָלט אַ נעגער ווען פאַרבלאָנדזשעט דאָרט אַהין —
זיין מידן טראָט באַגלייט מיט שטיל געזאַנג —
געזען וואָלט ער דאָרט הענגען זיינע זין
און ס'וואָלט די שרעק פאַרגליווערט אים דעם גאַנג.

בלויז פאַר ווייסע לאָרדן און באַראָנען
וואָלט יענער פוסטער אָרט
געווען אַ בליענדיקע פרייד.
און יעדן יאָנטעף וואָלטן זיי פון נאָענט און פון ווייט
געקומען זיך דערמאָנען
אָן יענער ווילדער וואַקכאַנאַליע־נאַכט
ווען זיי האָבן ניין אינגלעך צום טויט געשלעפּט,
ווען זיי האָבן ניין ביימער פאַר טליעס געמאַכט.

— — — — — — — — — — — —

האָט געזאָגט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי,
האָט געזאָגט די אַי. על. די.:
The Scottsboro Boys Shall Not Die!
The Scottsboro Boys Must Be Free!

# אַנדזשעלאָ הוירנדאָן קריגט די פּאָסט

פּולטאָן־טאָוער טורמע.
יעדער מענטש — אַ נומער.
און דאָס לעבן איז אין קעמערלעך פּאַרטיילט.
נאָך איינעם דאַרף דער טויט באַלד קומען.
אַ צווייטער האָט שוין צוואַנציק יאָר דאָ אָפּגעציילט.

ס'איז שטיל.
צעלן זיינען שטום.
פּולטן־טאָוער האַלט דעם אָטעם איין;
דער טויט שפּאַנט איצט אַרום.
בלויז פון יענער טויטן־קאַמער
קומט אַ כליפּענדיק געוויין.
מען גאָלט אים שוין דעם קאָפּ,
און דער גאַלעך גיט אים איצט
דאָס לעצטע לעפּעלע גאַניידן איין.

טיק־טאַק. טיק־טאַק, —
עס פעלט נאָך איין מינוט.
דער שטאָט איז זייער פּינקטלעך,
ווען עס קומט צו נעמען בלוט.
טיק־טאַק, טיק־טאַק, —
די הענט און פיס געבונדן.
עס הענגט אַ מענטשנס לעבן איצט
אויף עטלעכע סעקונדן.
טיק־טאַק, טיק־טאַק.
דער שטראָם איז שוין אַרויס.

טיק־טאַק, טיק־טאַק.
אויס!
אַ טויטן־ציטער איז דורך קעמערלעך געלאָפן.
אין יענער נאַכט
האָט פולטן־טאַוער ניט קיין אויג פאַרמאַכט.
בלויז דער וואָרדן האָט געשמאַקט געשלאָפן.

אין קעלער־קאַמער איז קיין טאָג ניטאָ,
און ס'לויפט די צייט די צייט ניט אָפן זייגער
שאַ נאָך שאַ.
אין קעלער־קאַמער ליגט אַ גאַנצן טאָג די נאַכט.
און ס'שלעפּט די צייט זיך שווער און פויל,
ווי אַ באַרזשע פול מיט פראַכט.
און באַם אויסגעצערטן ביסל לעמפּל־ליכט,
וואָס דערציט קוים צו זיין בעטל,
לערנט אַנדזשעלאָ קאַרל מאַרקסן —
אַ בלעטל נאָך אַ בלעטל.
טריט —
טריט אַף טרעפּ.
טריט אַף טרעפּ.
טריט אין טונקעלן קאָרידאָר:
עפּשער קומט מען געבן קלעפּ,
צי עפּשער גאָר —
די פּאָסט?
אַ „דעילי וואָרקער",
צי אַ בריוול פון אַ כאַווער?
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
אַ שליסל קליק.
אַ בייזער בליק.
אַ זויער שטיקל ברויט,
און אַ שיטער ביסל קאַווע.

— די פּאָסט,
די פּאָסט וואו איז?
— שווייג, דו גאָט פאַרדאַמטער ניגער!
— אַז ס'וועט קומען וועסטו — קריי־גן!

די מאָרגן פּאָסט איז דאָ.
אַנדזשעלאָ הוירנדאָן ליגט אין קעלער־קאַמער
אַף זיין האַרטן בעטל.
עס טראָגט זיך אַ געלעכטער דורכן טונקעלן קאָרידאָר:
דער וועכטער טראָגט אַ זשמעניע „דעילי וואָרקער" —
צעפּאַסעוועט, צעברעקלט:
— „נאַ!"

הייבט אַנדזשעלאָ די שטיקלעך אויף
און שטיקלט פּאָרזיכטיק דעם קלאַסנקאַמף צונויף
מיט געדולד פון באָלשעוויק.
אַ שטיקל צו אַ שטיקל,
אַ שטיק צו אַ שטיק,
און אין קעלער־קאַמער אַפן האַרטן בעטל
ליגט דאָס לאַנד פאַר זיינע אויגן:
יעדעס פּיצעלע אַ שלאַכט.
יעדעס ברעקעלע אַ פויסט.
צוויי יאָר קאַרצער האָט אים ניט געבויגן,
די מאַטע אויגן זיינען וואַך,
זיין מוט איז ווי דימיטראָווס גרויס.

האַלט ער ציטערדיק אַ יעדעס שטיקעלע אין האַנט,
און לייענט עס צום צענטן מאָל.
ס'איז איין גרויסע דעמאָנסטראַציע דאָס לאַנד,
און אומעטום דערטראָגט זיך אונדזער קאָל:
סאַן־פראַנציסקאָ, מינעאַפּאָליס —
נויאָרק — און אַלאַבאַמאַ —
איין גרויסע פּיקעט־ליין
בינדט זיי איצט צוזאַמען.

אַנדזשעלאָ שלינגט אַיעדעס וואָרט
און ס'זינגט אַ פרייד אין זיינע אָפּגעשוואַכטע גלידער.
ווי קאָן מען איצטער זיצן אַף אַן אָרט,
ווען דאָס לאַנד איז פול מיט קאַמף און לידער!
און אָט —
אַ רוף אַף ערשטער זייט,
עס רופט די קאָמפּאַרטיי,
עס רופט די אַי. על. די.:
The Scottsboro Boys Shall Not Die!
Angelo Herndon Must Be Free!

# זינג איך סיזאָלן פויסטן זיך צעפּאָכן

זאָלן בירגערלעכע דיכטער זינגען לידער
צום פרילינג און צום ווינטעלע דעם צאַרטן, —
ווען סע ליגן הינטער גראַטעס מיינע ברידער,
זינג איך פונעם קאַמף דעם איינגעשפּאַרטן.

ווען מיליאָנען טראָגן אום די הענט אין דרויסן
און דער הונגער פרעסט די טעג און וואָכן,
זינג איך ס׳זאָלן הענט פאַרקלעמען פויסטן,
זינג איך ס׳זאָלן פויסטן זיך צעפּאָכן.

ווער קאָן אָנטאָן פאַר אַ העמד די זון פון מאַי
און מיט רויזנדופט דעם הונגער ווער קאָן שטילן ?
און אַז מען האָגלט אַף דיין לייב מיט טויט און בליי,
צי וועסטו פרילינג-ווינטעלע דערפילן ?

וואָס איז פרילינג, זומער, האַרבסט און ווינטער,
צי דער גורל פון אַן איינציק לעבן,
ווען מען גראָבט פאַר אַלטער וועלט אַ צווינטער,
און סע קומט אַ נייע וועלט צום לעבן ?

זאָלן בירגערלעכע דיכטער זינגען לידער
צום פרילינג און צום ווינטעלע דעם צאַרטן,
ווען סע קעמפן אין מיליאָנען מיינע ברידער,
זינג איך פונעם קאַמף דעם איינגעשפּאַרטן.

# צו פעדלער־פּאָעטן

(צו דער צווייטער יערלעכער פּאָעזיע־אויסשטעלונג
אַף וואַשינגטאָן סקווער)

„אַרבעטלאָזע פּאָעטן פּעדלען מיט זייערע ווערק
פאַר אַ שטיקל ברויט" —
„מאָרגן־פרייהייט", 21טן מאַי, 1934.

זיי האָבן דעם הונגער מיט פערזן געגלעט און געצערטלט,
מיט דער נויט זיך דאָס לעבן באַצירט ווי מיט קרעלן,
צו די שטערן גערעדט, די לעוואָנע געהאַלבט און געפּערטלט,
און געלערנט זיך פריי, ווי אַ פייגעלע טרעלן.

מיט לידער געטאָקטע די רויבער אין רויב־וועג באַגלייט,
די שיינקייט פון לעבן באַטרעלט אַזוי ליריש און צאַרט,
נאָר דאָס וואָס דער מיינער אין שאַכט קאָן ניט זען ווי די זון פאַרגייט,
דאָס האָט זיי, די טרעלער די פרייע, שוין גאָר ניט געאַרט.

ווייל ווי קאָן אַ פּאָעט אַ געזאַלבטער צעטרענצלען די מוזע
אַף די וועלכע שמעלצן דאָס אייזן און מישן צעמענט,
צי אַף די, וואָס פאַרשטעפּן די יאָרן אין הויזן און בלוזעס,
און טראָגן מאָזאָליעס פון אַרבעט אַף זייערע הענט ?

מיט אויגן מיט זשעדנע געשלונגען דאָס ביסעלע לויב
פון הערן באַפּראַקטע און דאַמען מיט פיינע מאַנירן,
און פאַר ברעקלעך מיזערנע פון טישן באַדעקטע מיט רויב,
געקומען צוגאַסט זיי די היים מיט אַ דיכטער באַצירן.

נאָר אַ קלאַס, וואָס ליגט באַלד ווי אַ פּייגער באַם שוועל פון געשיכטע,
און באַזאָרגט ניט אַפילע מיט שיך און מיט ברויט זיינע שקלאַפן,
האָט ניט קיין צייט זיך פּאַטשקען מיט קונסט און מיט דיכטער,
כאָטש נעם און שלינג שטיקער פון ליד וואָס האָסט נאָר־וואָס געשאַפן.

פעדלען זיי טאַקע מיט ווערק ווי מיט זאָקן און בייגל,
און ס׳בעט זיך אַ ליד אַף דער וואַנט: „קויפט מיך אָפּ פאַר אַ זעמל!"
און ס׳זיצן פּאָעטן, ווי קרעמער באַם ביסעלע אייגנס,
און קוקן אַרויס אַף אַ קוינע אין בידנעם פּאָעזיע קרעמל.

כ׳דערמאָן זיך, ווי פונקט פאַראַיאָרן אַף וואַשינגטאָן סקווער
פּאַסירט האָט די מייסע דיזעלבע:
ס׳זיינען ווילעדזש־פּאָעטן געקומען מיט לידער אַהער,
צעקלעפּט זיי אַף ווענט און געעפנט ס׳געוועלבל.

ס׳האָט באַדענהיים אויך דאַן פאַרנומען אַ ווינקעלע וואַנט,
און זיין ליד האָט אַ טעפּעלע קאַווע געבעטן,
און ס׳האָבן קאָלעגן געטרייסט זיך וואָס אַזאַ אַנערקענטער טאַלאַנט
פעדלט באַגלייך מיט די ווילעדזש־פּאָעטן.

נאָר אַ יאָר איז אַסאַך ווען טעג זיינען שטיקער געשיכטע
און די וועלט איז ווי אַ פּולווער־פאַס געלאָדן;
ס׳איז באַדענהיים היינט שוין מיט אונדז צווישן אַרבעטער־דיכטער,
און ס׳שלאָגט פון זיין ליד איצט דער קיועך פון קעמפערישן באָדן.

ווען ס׳גריזשעט דער הונגער די ווענטלעך פון ליידיקן מאָגן,
און דיין היים איז אַ שטאָטישער פּאַרק צי אַ באַנק אַף דער בריק, —
זיינען קויטיקע פּליאַמעס די גאָלדענע פרילינג־פּאַרטאָגן,
און סע סקריפּעט אין אויער די דינסטע סימפאָניע־מוזיק.

„ליטעראַטור היינט צו טאָג איז מילכאָמע" —
און אַ דיכטער דאַרף זיין אַ געניטער און בראַווער סאָלדאַט;
העי, פעדלער־פּאָעטן, אַרויס פון די לידער־קראָמען!
דער קינסטלער איז פריי בלויז באַם פּראָלעטאַריאַט.

# פּאָרויס ווי די פאָן
# האָט געפלאַטערט דיין ליד

(דוד עדעלשטאַטן צו זיין פערציקסטן יאָרצייט)

1

דערווייל איז די וועלט נאָך אין קלאַסן צעטיילט,
מיט אַ בלוטיקן טייך אינדערמיט,
און דו, אַ סאָלדאַט, אינעם דינסט פון דיין קלאַס,
האָסט מוטיק געקעמפט מיט דיין ליד.

אַף נייטאָרינס בלייכע און בלוי־מאַטע ליפּן,
אין דינסטמיידלס שטוב, באַ מאַשין, אין וואַרשטאַט,
וואו מי האָט נאָר אַרבעטער־רוקנס געבויגן,
האָט הילכיק געקלונגען דיין ליד — עדעלשטאַט.

ניט צו פאַרזינגען די נויט און די ליידן,
ניט מיט געזאַנג צו פאַרוויגן די צייט,
נאָר האַס צו פאַרשקלאַפער אין הערצער געצונדן,
מיט האַס צו צערייסן די שקלאַפישע קייט.

און ווען אַרבעטער־קאַמף האָט אַף גאַס זיך צעפלאַקערט,
פּאָרויס ווי די פאָן האָט געפלאַטערט דיין ליד,
האָט צאָרן אין הערצער נאָך העלער צעברענט זיך,
זיינען פעסטער און דרייסטער געוואָרן די טריט.

2

אַסאַך, אָ, אַסאַך האָט דערווייל זיך פאַרלאָפן,
זייט טויט האָט געכאַפּט דיך אינמיטן פון קריג,
מיר האָבן פאַרשריבן אין בוך פון געשיכטע
ניט איין גרויסע שלאַכט און ניט איין גרויסן זיג.

פון טרוים דיינעם, וואָס האָט צום קאַמף דיך גערופן,
אַ טייל איז שוין היינט אַ שטיק לעבעדיק וואָר,
איבער זעקסטל פון קיילעך סע העלט רויטער שטערן,
און ס'לאַנד זינגט דאָס ליד פונעם צווייטן פינפיאָר.

נאָר ס'זיינען פינף־זעקסטל דערווייל נאָך אין קייטן,
און בלוטיקער טייך איז נאָך אַלץ אינדערמיט.
און ס'פלאַקערט איצט העלער די שלאַכט צווישן קלאַסן,
און טעג זיינען שטיקער צעפלאַמט דינאַמיט.

נאָר ס'טראָגט זיך אַלץ העכער דורך שטעט און דורך לענדער
דער הילכיקער טראָט פונעם פּראָלעטאַריאַט.
פאָרויס, ווי די פאָנען עס פלאַטערן לידער,
פון אַרבעטער־דיכטער, ווי דו — עדעלייטאַט.

# גרענעצן קוקן זיך איבער

גרענעצן קוקן זיך איבער
מיט שטאָלענע באַגנעטן־בליקן.
באַפּאַנצערטע פּאַטרולן
כאַפּן אויף
דעם פלאַטער פון אַ ווינט־שאָרך,
דעם ציטער פון אַ בוים־שאָטן.

עקספּערטן צעלייגן די וועלט אָפן טיש
און שפּאַנען איבער לענדער
דורך געדרייטע מאַפּע־וועגן,
טייטן מיטן פינגער אָפן אויסגעפּלאַנטן רויב,
שערן אַרום גרענעצן,
שניידן אַוועק שטיקער לאַנד־פּאַסן,
און שטוקעווען צו
אַ וואַלד,
אַ טייך,
אַ שטאָט.

אין לאַבאָראַטאָריעס
מעסטן כעמיקער די גיכקייט פונעם טויט מיט דינע אינסטרומענטן.
פלעשעלעך פאַרניכטונג
וואַרטן שוין אין ריי,
פאַרזיגלט,
נומערירט:
אָט דאָס קאָן אַף פּיצלעך צעברעקלען אַ בריק.
אָט דאָס קאָן צעשטויבן אַ גאַנצע אַרמיי.

נאָר אין וואַשינגטאָן,
לאָנדאָן,
זשענעווע,
פּאַריז —
זיצן לענדער אין צילינדערס און דערקלערן זיך אין ליבע:
בלאַ־בלאַ — בלאַ־בלאַ — פרידן.
לופט־כוואַליעס פּאַרקייכן זיך אין געיעג,
כאַפּן אָפּ דעם אָטעם
און פליען ווייטער אָנזאָגן די בסורע דער וועלט:
בלאַ — בלאַ — בלאַ — פרידן.
ציַיטונגען צעשרייען זיך מיט געשוואָלענע שריפט־קוילעס:
בלאַ — בלאַ — בלאַ — פרידן!
און קאַזאַרמע־קאָמאַנדירן
נעמען אָן אַ פולע ברוסט מיט לופט,
ציען זיך אויס ווי אַ סטרונע
און באַפעלן שטרענג:
אַ־אַ־אַ־כטונג!
אָנאוילן די ביקסן־ליופעס!
אויסשייערן די האַרמאַטן־פּיסקעס!
אַרומוואַשן די קאַנאָנען־העלדזער!
דער גענעראַל קומט באַלד צוריק פון דער פרידנס־קאָנפערענץ,
אַלצדינג מוז בלאַנקען און בלישטשען,
און בלישטשען און בלאַנקען . . .
אַ־אַ־אַ־כטונג!

דער וועלט־מאַרק וואַרגט זיך מיט פּראָדוקציע:
שיך און מאַנטלען, ווייץ און קאָרן
גאַנצע בערג.
שניידן זיך לענדער די פּראָפיטן־גאָרגלען
און יאָגן זיך נאָך אָפּזאַץ־מערק.

אַפּריער גייט די פרומע טויב —
אַ טשאַטע מיסיאָנערן —
צו פלאַסטערן די וועגן פאַרן רויב
מיטן הייליקן וואָרט פון גאָטס זון יעזוסן
און צו טראָגן יענע וועלט אַנטקעגן
די בידנע שעפּעלעך,
וואָס שלעפן אַף די פּלייצעס גאַנצע בערג מיט זינד —
יעזוס דער דערלייזער איז אַ פּאָטער,
און דעם, וואָס זוכט צו אים דעם וועג,
מאַכט ער פאַר אַן אייגן קינד. —
דערווײַלע רוקט אַ סובמאַרין זיך נעענטער צום ברעג.
שטיל,
פּאַוואָליע,
און שטעקט אַרויס אַ שטיק קאַנאָנען־נאָז
און טוט אַ שמעק:
האַ! שוין פריי דער וועג!
פריי?
אַניט —
מיר גייען סיי ווי סיי —
פּום! — פּאַם! — פּום!
דאָס איבעריקע איז אַ שטיקל צייטונגס־נייס בלויז:
דאָרט און דאָרטן אַ צוזאַמעשטויס
מיט רעבעלן;
די ראַיאָטן באַלד דערשטיקט;
אַ קריגסשיף גלייך אַרויסגעשיקט
אָרדנונג איינצושטעלן.

גרענעצן קוקן זיך איבער
מיט שטאָלענע באַגנעטן־בליקן,
און צווישן לאַנד און לאַנד —
אַ שטעך־דראָט וואַנט.

נאָר גרענעצן האָבן קאָלירן
ווי די פאָנען, וואָס הענגען איבער זיי,
און רויטע גרענעץ האָט ניט אויפגעהערט געשפּרעך צו פירן
מיט דער וועלט־אַרמיי:
ברידער!
איר האָט די ביקסן אין די הענט,
די באַיאָנעטן.
איז רוקט די גרענעצן צונויף,
צעברעכט די שטעך־דראָט־ווענט
און מאַכט די וועלט איין ריזיק לאַנד —
סאָוועטן.

# צוויי ראַדיאָס

אינעם זעלבן טאָג ווען ס׳האָט זיך געעפנט דער דניעפּראָסטראָי אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, האָט די „דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני״ אין באָפאַלאָ פאַרשלאָסן איינע פון אירע גרויסע עלעקטרישע סטאַנציעס.

אַ ראַדיאָ פון ראַטן־רעפּובליק:
„מיר פייערן דעם זיג
פון דניעפּראָסטראָי!
באַרביוס באַגריסט, קאַלינין רעדט,
ס׳איז דניעפּר פון אייגענעם ליכט שוין באַהעלט,
דאָס ריזיקע לאַנד פון גיגאַנטן־געבוי
האָט פאַרענדיקט דעם גרעסטן גיגאַנט אין דער וועלט —
דניעפּראָסטראָי!״

אַמאָל האָט אַף סטעפּ דאָרטן פּוסטקייט געבליט,
און דער ווינט האָט זיך העפקער געדרייט,
און די ערד האָט געבענקט נאָך אַן אַקער־שניט,
און די ערד האָט געבענקט נאָך פאַרזיי.

און אומזיסט האָט דער דניעפּר דורך נעכט און דורך טעג
זיין אומרו אַף כוואַליעס פאַרוויגט,
און אומזיסט זיך געריסן צום נאַקעטן ברעג,
און אומזיסט זיך פאַרשלונגען צוריק.

און אין שטיבלעך צעקרימטע, פון שטרוי און פון ליים,
האָבן גאַנצע מישפּאָכעס געהויזט ,
איז געווען איז די נויט דאָרט באַ זיך אינדערהיים,
ווי אין פינצטערן קעלער די מויז.

און געווען איז דאָס לעבן באַם פּעניצל ערד,
ווי אַ וואָגן אין בלאָטע פאַרהאַקט,
און דער פויער אַליין איז געווען דאָס פערד
מיט דער בייטש האָט די נויט צוגעקנאַקט.

אַ ריס, און אַ ציי, און אַ שלעפּ, און אַ שפּאַר,
נאָר גיי שטופּ פון אָרט אָט דעם באַרג.
די טראָיקע : דער פּאָריץ, דער גאַלעך, דער צאַר —
האָט געריטן דעם פויער אַפן קאַרק.

און אַזוי האָבן דורעס געשפּאַנט דורך דער צייט
מיט שטומע פאַרבלוטיקטע טריט.
און די נויט האָט אַ צאָרן אין הערצער פאַרזייט,
האָט דער צאָרן געגליט און געגליט.

**האָט ראָד פון געשיכטע געטאָן זיך אַ דריי :**
**באַם קאָמפּאַס געשטאַנען איז קאָמפּאַרטיי !**

איצט הודזשען די סטעפּעס מיט טראַקטאָר־געזשום,
און די ערד טראָגט אויס ברויט פאַרן לאַנד.
און דער דניעפּר טראָגט ליכט אַף די כוואַליעס אַרום
און דער ווינט גייט אין מילראָד געשפּאַנט.

און דאָס לאַנד האָט פאַרענדיקט דעם „פּינפּיאָר" אין פיר,
און דאָס לאַנד איז באַנייט.
און סע שטייט שוין דער צווייטער „פּינפּיאָר" באַ דער טיר
און דאָס לאַנד איז שוין גרייט !

און טעג שפּאַנען שטאָלצע, מיט קעפּ אין דער הויך,
פּאַראויס אין גיגאַנט־געבוי,
און ס׳זינגען פאַבריקן מיט קוימענעם רויך
דאָס ליד פון סאָץ־געבוי.

און אָט
אין זעלבן טאָג אַ ראַדיאָ אַ צווייטע: —
„באָפּאַלאָ
(אַ שטאָט אין רייכן יענקי־לאַנד)
זאָל זיין באַקאַנט,
אַז היינט האָט דאָ
די דזשענעראַל עלעקטריק קאָמפּאַני
אַ ריזיקע עלעקטריק סטאַנציע פאַרמאַכט.
דערצו געבראַכט
האָבן שלעכטע צייטן״.

אַמאָל האָט מיט אויפבוי געציטערט דאָס לאַנד,
און לעגענדעס פון „גילק״ איבער לענדער צעטראָגן,
האָט אין הערצער פאַרפלאָגטע געטרוימט אַ פאַרלאַנג —
צו יענקישע ברעגן אַמאָל זיך דערשלאָגן.

האָבן שיפן געשלעפּט זיך דורך שטורמישן וועג
מיט „גאָלדענע טרוימען״ צום „גאָלדענעם לאַנד״.
נאָר ס׳האָבן כאַלוימעס פון „גליקלעכע טעג״
די שוועל פונעם ברעג ניט אַריבערגעשפּאַנט.

דער האַר וועט ניט מישן אַליין דעם צעמענט.
און געוואַרט האָבן שטעט אַף צו ווערן געבויט.
געפירט האָט מען טרוימען — געבראַכט האָט מען הענט
און פאַרקויפט זיי צום האַר פאַר אַ שטיקל ברויט.

האָט מען זומפּן געטריקנט, פֿאַבריקן צעשטעלט
און רעלסן אַף טויזנטער מײַלן צעלייגט.
זאָל וויסן, זאָל וויסן, זאָל וויסן די וועלט:
אַמעריקע הייבט זיך, אַמעריקע שטייגט.

אַף פּלייצעס פֿון בויער מיט ראַשיקן טעמפּ
האָט געקלעטערט דאָס לאַנד אַף אינדוסטריע־לייטער.
„ווער ס'שאַרט ניט קיין גאָלד איז אַ לויזיקער טרעמפּ,
ס'זײַנען שאַנסן דאָ גלײַכע פֿאַר אָרענטלעכע לײַטע".

ווער זאָגט, אַז דער וועג איז פֿאַר אַלעמען גלײַך?
דאָס האָבן די האַרן אַ ליגן דערציילט.
צעשפּאָלטן דאָס לאַנד איז אַף אָרעם און רײַך,
דאָס „פֿאָלק" איז אַף קלאַסן — צוויי וועלטן — צעטיילט.

איין קלאַס האָט מיט גאָלד פֿולע זעק אָנגעקליבן
און ס'היט אים „געזעץ" דאָס גערויבטע פֿאַרמעג;
דעם צווייטן איז הונגער און נויט נאָר געבליבן —
דער לוין פֿאַר אַ לעבן פֿאַרהאָרעוועטע טעג.

**נאָר ס'גרייטן שוין שאַפֿערס פֿון האַרס קאַפּיטאַל**
**דעם טאָג פֿון זײַן אומקום, דעם טאָג פֿון פֿינאַל!**

איצט רוישן שוין מער ניט מיט ליכט די טורבינען
און טויט איז די „הויכע טעכניק",
און ס'פּרעסט שוין דער זשאַווער די בעסטע מאַשינען,
סע דרייט זיך די ראָד אַף צוריק . . .

ווער דאַרף עלעקטריק פֿאַר פּוסטע פֿאַבריקן,
ווער דאַרף עלעקטריק פֿאַר ליידיקע שטיבער, —
ווען ס'וואַרפֿן זיך מענטשן אַראָפּ פֿון די בריקן,
ווען ס'גראָבן זיך מענטשן אויס היימען אין גריבער.

ס׳איז ניט קיין נייס אומגעריכטע,
ווי „עקסטראַס״ צעטראָגן פון אינגלעך אין גאַס,
ס׳איז ראַדיאָ צווייטע, אַ שטים אין געשיכטע,
„זייט וויסן —
סע לעשט זיך דאָס ליכט פון אַ קלאַס!״






# אינהאַלט: